ביכער אַרויסגעגעבן פון עליזה גרינבלאַט:

„לעבן מיינס" — לידער 1935

„צען לידער" — (מיט מוזיק) 1939

איך זינג — (לידער פאַר קינדער) 1947

איך און דו — (לידער פון בענקשאַפט) 1951

---

ALIZA GREENBLAT

# ICH UN DU

געווידמעט ישראל׳ן

# איך און דו

ס׳האָט אַ פרילינג-ווינטל
אַ וויי געטאָן אויף מיר,
האָב איך זיך דערמאָנט,
מיין טייערער, אָן דיר.
עס בענקט מיין יעדעס גליד
נאָך דיר פון צאַרטער האַנט.
עס בענקט דאָס שטומע בילד,
דער זייגער אויף דער וואַנט.
עס ווייסט מיין עלנט הארץ
שוין לאַנג ניט פון קיין גליק,
איך וואַרט אויף דיר מיין ליבער
צי קומסטו ווען צוריק?

## נ י י ־ ג ע ב ו י ר ן

כ׳בין ריין — אַ ניי געבוירן קינד,
מיין לייב — ווייס און צאַרט;
נאָך צערטלעכקייט עס גאַרט
מיין נשמה — ריין פון זינד.
אין דער בלויקייט פון פרימאָרגן
טראָג איך דיר מיין האַרץ אַנטקעגן,
גע׳טובל׳ט אין זילבער־קוואַלן —
קרישטאָלענע וואַסער־פאַלן
הימל׳ס ערשטער פרילינג־רעגן.
אונטער גאָלדיק זונען־פליטער,
צווישן בלויע קאָרן־בלומען,
איך וואַך איבער מיינע ליבע־טרוימען
מיט בענקשאַפט און נשמה־ציטער.

## באַפעל מיין האַר!

איך שווער ביי גאָט:
מיין טאָג, מיין נאַכט
געהערן אין גאַנצן דיר.
איך לעב פאַר דיר;
אין יעדער מיין מחשבה
איז אַ תפילה איינגעוועבט
פאַר דיר.
באַפעל, מיין האַר!
אויב דיר גלוסט,
איך שנייד אוים
מיין הארץ —
און ברענג עס דיר!

## פ ו ן א ב ר י ו ו

שווערע וואָלקענס האָבן היינט די זון
פאַרשלונגען —
אין מיין האַרצן האָבן זיבן זונען זיך
צעזונגען;
אין דרויסן ליגן גאַנצע בערג מיט שניי
און עס פרירט —
דאָך האָט אַ זומער־לעב מיין האַרץ
באַרירט.

— — — — — — — — — — —

ווילסטו וויסן ווי ס'איז דער נס
געשען? . . .

## די זון נאָך שיינט . . .

קום אויף גיך, דו ליבער מיינער,
ווייל די זון נאָך שיינט.
ס'זענען פאַרבליבן בלויז מינוטן,
באַלד פאַרגייט דער „היינט".
שטייט דער גין־גאָלד כוס אַ פולער,
פול מיט רויטן וויין.
קום, און טרינק אויס ביז איין טראָפּן,
און זאָל היינט יום־טוב זיין.

## אַ שטורעם קינד

ווי דער שטורעם, קום געליבטער,
ברעך אריין זיך אין מיין שטוב;
קוש מיך, האַלדז מיך, ווילדער בחור;
שווער מיר, אַז דו האָסט מיך ליב.
ווי דער שטורעם, קום געליבטער
ווי דער ווילדער שטורעם ווינט.

— — — — — — — — —

איך בין אויך אַ שטורעם קינד . . .

## פ ר י ל י נ ג

טיף אין מיין האַרץ איז פאַרבליבן
מיין יוגענטלעך פייער אין מיר.
כ'האָב קיינעם קיין פונק נים געגעבן . . .
געזאַמעלט איך האָב עס פאַר דיר.
איצט, ווען מיין קאָפּ איז באַשנייט,
נאָר יונג איז מיין האַרץ, איך בין קינד;
מיט ווינטלעך פון האַרבסט שוין עס ווייעט,
ביי מיר איז ערשט פרילינג אצינד . . .

# רעד צו מיר

רעד צו מיר,
כ׳בעט דיך מיין ליבער;
כ׳וויל הערן
דיינע לאַסטשענדע רייד.
רעד צו מיר,
רעד צו מיר, ליבער;
דיין וואָרט —
אַ קוואַל איז פון פרייד.
רעד צו מיר,
כ׳בעט דיך מיין ליבער;
זאָל קלינגען
דיין וואָרט אַרום מיר.
רעד צו מיר,
רעד צו מיר ליבער;
זאָלסט ניט
פאַרשעמען מיין טיר.

# בין פאַר דיר

כ'האָב ניט געוואוסט,
אַז אַ פינטל פון דיין אויג
קען צינדן פלאַמען אין מיין ברוסט;
פאַר'שיכור'סט מיך ווי אַלטער, רויטער וויין,
אַ צערטל בלויז און איך בין דיין.
אַ גליענדע לאַווע צעגיסט זיך איבער מיין לייב,
איך בין געליבטע, בין שקלאַף, בין — ווייב.
עס זינגט מיין לייב
פיל שטורמישע געזאַנגען;
עס קאָכט מיין בלוט
מיט טויזנטער פאַרלאַנגען —
איין פאַרלאַנג!
מיינע הענט שטרעקן זיך אין בענקשאַפט
אין ווילדן אויפברויז איך טאַנץ,
טאַנץ פאַר דיר,
איך בין פאַר דיר!

# לבנה־גאָלד

לבנה־גאָלד זילבערט אויף מיין שויב,
אין נעצן איז פאַרוועבט מיין הויז,
באַרוישט מיט דיין אָטעם בלויז.
איך בין רייף ווי די צייטיקסטע טרויב,
זע, די פּירות צייטיקן אין שווייגן,
ס'בליט מיין סאַד אונטער צאַמען שווער באַוואַכט.
ס'רויטלען זיך די עפּל אויף די צווייגן,
אין שטילער סודות'דיקער נאַכט.
כהאָב צונויפגעשאַרט מיינע חלומות אין סטויגן,
מיינע פעלדער ליגן רחבות'דיק ברייט.
כ'וואַרט אויף אַ בליק פון דיינע אויגן.
האָסט ליבע־קערנער אין מיין האַרץ פאַרזייט.

## נאָר פֿאַר מיר

ליבסטער,
ניט פֿאַרגעס מיך
אויף אַ רגע,
בענק נאָך מיר כּסדר;
יעדער האַרץ־קלאַפּ דיינער
קלאַפּן זאָל פֿאַר מיר.
ניט אַ בליק פֿאַרשענק
אַן אַנדערער,
ביסט אין גאַנצן מיינער;
נאָר פֿאַר מיר
האָט גאָט דיך
קלוג באַשאַפֿן,
שיין געפֿורעמט —
דו, מיין זיווג,
דו, מיין פֿרייד,
מוזט אינגאַנצן מיינער זיין.

# אַ תפילה

מיט געבויגענעם קאָפּ
און פאַרבראָכענע הענט
קני איך פאַר דיר,
גאָט פון פאַרבאָרגענער ליבע,
און וויין אויס דאָס געוויין
פון מיין בלוט.
ווער בין איך, און וואָס בין איך?
אַ שטויבל אויף דיין ערד.
איינע פון דיינע קנעכט
קני איך פאַר דיר
אַ פאַרפייניגטע,
אַ געלייטערטע,
מיט געבויגענעם קאָפּ,
און פאַרבראָכענע הענט.

# וואו ביסטו?

ליבער, וואו ביסטו?
קום גיכער צו גיין.
ליבער, כ׳האָב מורא,
דער טאָג וועט פאַרגיין.
ליבער, עס זינגען
די בלוטען אין מיר.
ליבסטער,
איך וואַרט דאָך אויף דיר;
פאַר דיר נאָר
מיין טיש איז געגרייט.
כ׳האָב מורא
וועסט קומען צו שפּעט
ליבסטער.

## שיין איז צו לעבן . . .

שיין איז צו לעבן און ליבן,
שיין איז דער חלום פון גליק,
שיין איז דער חלום פארגאנגען,
ער וועט שוין ניט קומען צוריק.
שיין איז צו לעבן און ליבן,
שיין איז דער מענטש ווען פארליבט.
שיין איז די בענקשאפט צו טראָגן,
א קרוין אויפן קאָפּ, וואָס באטריבט.

## גאָלדענע טיי

איך בין אויף אַ שמחה געווען,
פאַרבראַכט מיט פריינט פיל צוזאַמען —
ניט איינער פון זיי האָט פאַרדעכטיגט,
אַז מיין הארץ פאַרצערט ווערט פון פלאַמען.
געשטיפט כ׳האָב מיט יעדן, גע׳כשופ׳ט
גע׳כשופ׳ט, און ס׳האָט מיר געגאָלטן;
כאָטש שטיל אין הארץ האָט געיאָמערט,
מיין צער טיף־טיף כ׳האָב באַהאַלטן.
צעברענט האָט פרייד זיך אין הויז,
געזונגען עס האָבן געזאַנגען;
נאָך דיר געבענקט האָב איך שטיל,
מיין הארץ איז פון בענקשאַפט פאַרגאַנגען.
צעריסן געוואָרן מיין הארץ איז אויף צוויי,
כ׳האָב רואיק געמישט די גאָלדענע טיי.

# דו ביסט האַר

דו ביסט האַר און איך בין דינער,
מיר זענען ניט קיין פּאָר.
וואָס פּאַלסטו אויף די קני,
זאָגסט, איך בין פּרינצעסין גאָר
קושסט די זוים פון מיין קלייד?
פּרינץ — בעטלער איז געוואָרן —
בעטלסט אוים אַ ביסל פרייד?
גוט, איך וועל דיך דאָס מאָל פּאָלגן
איך וועל היינט פּרינצעסין זיין:
צינד די קאַנדעליאַברעס אָן
זאָל אין הויז היינט יום-טוב זיין.
גרייט מיין טיש מיט גאָלד און זילבער,
פאַר מיינע פים שפּרייט סאַמעט אוים;
זיי געהאָרכזאַם, דו ביסט דינער,
איך בין היינט פּרינצעסין גרוים.
שפּרייט מיין בעט מיט פּורפּור-דעקן,
קישנס-פּוך, זאָלסט ניט פאַרגעסן.
לייג זיי ווייך אַוועק צוקאָפּענס,
ווי עס פּאַסט פאַר אַ פּרינצעסין:
צי-אָן מיין קלייד, פאַרשנור מיין שוך,
מיט פרישע בלומען פיל-אָן מיין שטוב.
איך בין פּרינצעסין, דו — מיין דינער,
איך ווייס דו האָסט מיך ליב.

## בעטלערין

איך קוק זיך אַרום:
וואָס איז דאָ געשען?
ערשט נעכטן בין איך
פּרינצעסין געווען,
און היינט פאַרלוירן
שטיי איך ביי דיין טיר,
איך בין אַ בעטלערין.

## זון ביי מיין טיר

כ׳גיי אַרום מיט געמאָסטענע טריט,
און וועב פון ליבשאַפט צו דיר אַ ליד.
זון אויף גאַסן, זון איבעראַל,
דו אין האַרצן — דערפרישענדער קוואַל.
מיך שרעקט ניט קיין וואָלקנס ,קיין אָנקום פון נאַכט,
האָסט, ליבער, אַ גאָלדענע זון מיר געבראַכט.
אייביק וועט לויכטן דיין זון טיף אין מיר,
דו אין מיין האַרצן, זון ביי מיין טיר.

# זאָג אים!

לבנה, לבנה באַלייכט דאָרט זיין וועג!
זאָג אים, אַז שטענדיק אויף אים אַלץ איך פרעג.
און ווען ווסטו אים טרעפן בלאַס און פאַרטראַכט,
וואַגלענדיג ערגיץ אין שטאָק-פינסטערער נאַכט;
מיט אויגן פאַרבענקטע, פאַר׳יתום׳ט אַליין.
צערטל אים, טרייסט אים מיט מאַמעס געוויין.

און ווען ער דיך פרעגן אויף מיר גלאַט אַזוי,
זאָג אים, אַ, זאָג אים, מיין קאָפּ איז שוין גרוי;
מיין פּנים פאַרעלטערט, די אויגן פאַרלאָשן,
געקנייטשט מיינע מיידלשע הענט,
זאָג אים, אַ, זאָג אים, ער וואָלט מיך מער ניט דערקענט.
דאָך העל לויכט מיין ליבע, געליטערט פון פּיין,
אַ קרישטאָלענער קרוג מיט שטאַרק-רויטן וויין.
ס׳איז יונג נאָך מיין האַרץ, כאָטש שווער מיין געמיט,
זאָג אים, אַ, זאָג אים, ער לויכט אין מיין ליד.
זאָג אים, אַ, זאָג אים . . .

# פ אַ ר ו ו אָ ס ?

כ׳בין היינט פאַרביי דיין ווייס-געקאַלעכט שטיבל;
געזען דאָס גערטנדל, ס׳ביימל וואָס כ׳האָב פאַרזייט.
פאַרוואָס זענען מיר צעשיידט?
ס׳יונגע קאַרשן-ביימל ביי דיין פענסטער
האָט אויסגעשטרעקט די צווייגלעך — פאַרליבטע הענט.
קאַרשן-רייפע האָבן זיך גערויטלט, מיך דערקענט.
די שמאָלע סטעזשקע צו דיין שטוב,
איז געלעגן עלנט און פאַרקלערט.
פאַרוואָס איז גליק אונז ניט באַשערט?
אַ געל בלעטל האָט זיך אָפּגעריסן פון בוים,
צוגעפאַלן צו מיין ברוסט.
האָט דאָס בלעטל פון אונזער סוד געוואוסט?

## ?וועמעס בין איך

וועמעס בין איך?
און ווער איז מיינער?
כ'ווייס איך בין ניט דיינע.
כ'האָב דיך געצערטלט אין זוניקע טעג,
געוואַרעמט אין קילע פאַרנאַכטן,
אין מיין טראַכטן.
כ'האָב דיך איינגעוועבט אין מיר,
אויף אייביק פאַרקניפּט מיין גורל
מיט דיינעם.
און זאָלסטו טאַקע וויסן,
האָסט זיך אָפּגעריסן
ווי ניט צייטיקע פרוכט פון בוים,
ווי ניט צייטיקע פרוכט פון בוים,
בליסטו אין מיין טרוים.

# וואו איז מיין זון ?

די זון איז בייז אויף מיר,
זי קומט צו מיר נאָר זעלטן.
די זון איז זייער אַ קאַרגע
זי שענקט מיר קוים
אַ בלייכן שטראַל.
זי גייט פאַרביי מיין הויז
און זעט מיין פענצטער ניט.
איך זיץ און קוק און וואַרט:
וואו איז מיין זון?
ווי אַ סטאַדע וואָלקנס
וואָס בלאָנדזשען אום,
קען דעם הימל ניט דערגרייכן,
אַזוי איז מיין לעבן;
איך זיץ און קוק די אויגן אוים:
וואו איז מיין זון?

# פון אַ בריוו

. . . איצט שרייב איך דיר פון מיין שטעטל:
דער וואָקזאַל איז צעבראָכן, ניט געבליבן קיין ברעטל.
אפשר, מיין ליבער, ווילט זיך דיר וויסן
צי מיין שטעטל נאָך דיר האָט קריעה געריסן?
דער ים איז דער זעלבער, נאָר שטילער געוואָרן —
פאַרעלטערט מסתמא אין גאַנג פון די יאָרן . . .
געדענקסט די שפּאַצירן, פון ברעטער די וועגן,
אויף וועלכע איך פלעג דיר קומען אַנטקעגן?
פאַרגאַנגען עס איז אַ לאַנג-לאַנגע צייט,
איך זע נאָך דיין שמייכל, וואָס גריסט מיך פון ווייט.
נאָך פיל איך דיין צערטל אין דער ווייט וואו איך בין,
נאָך קלינגט אין מיין האַרץ דיין צערטלעכע שטים.
ערשט נעכטן געוועזן, און אפשר שוין יאָרן, —
פון שיינע חלומות איז אַ חורבן געוואָרן . . .
דער וואָקזאַל — צעבראָכן, ניט געבליבן קיין ברעטל,
פאַרבענקט, און פאַר׳יתום׳ט, ווי איך, איז מיין שטעטל.

## דו

דו האָסט מיך דערהויבן
ביז׳ן זיבעטן הימל,
און טיף מיך געוואָרפן
ניין איילן.
טאָ וועמען־זשע זאָגן?
פֿאַר וועמען זיך קלאָגן?
וועמען דאָס האַרץ
אויסדערציילן?
האָסט כּישוף־פּאַלאַצן
פֿאַר מיר אויפֿגעשטעלט,
און עלנט געלאָזט מיך
אין דרויסן.

# ג ע ל י ב ט ע ר

געליבטער,
ווי טרויעריק ס'איז מיר,
ווי טריב און פוסט
די טעג ציען אַן דיר.
ווי קליידער פון סאַמעט
אויף טויטן-געביין;
אַזוי איז מיין לעבן.
דער היינט, דער מאָרגן,
וואָס האָבן זיי פאַר מיר?
אַ לאָגל טרערן.
ווי הויפענס צעגליט זאַמד
אין דער וויסטער מדבר,
אַזוי איז מיין לעבן,
אַזוי איז מיין לעבן.

# ב ע נ ק ש אַ פ ט

נאַכט ליגט פאַרזונקן אין דרימל,
די גרעזלעך באַוועגלאָז און שטום.
לבנה מיט שטערן פלירטן אין הימל,
נאָר איך מיט מיין עלנט מיר וואָגלען אַרום.
איך זוך דיך אַרום אויף איינזאַמע וועגן ,
כ׳געפין דיך ניט, ליבער, אוי וויי איז צו מיר;
איך וויל דיר וואָס זאָגן, איך וויל דיך וואָס פרעגן,
צ האָסטו אינגאַנצן פאַרגעסן אָן מיר ?
אין לעצטע מינוטן די מוזט צו מיר קומען,,
ברענגען דעם בעכער מיט שוימיקן גליק.
איך גרום דיך פון ווייטן, איך רוף דיךביים נאָמען,
כאָטש בלויז אויף אַ רגע קום, ליבער, צוריק.

## אַ ן ד י ר

בענקשאַפט ווי אַ חלף שאַרף
שניידט מיין האַרץ אויף שטיק.
דו ביסט געווען אַלץ פאַר מיר,
מיין נחת און מיין גליק.
איצט איז פוסט און וויסט מיין הויז,
מעגסט מיר, ליבער, גלויבן.
עס בענקט מיין הויז, עס וויינט מיין שוועל,
איך קען אָן דיר ניט לעבן.

## מ י י ן צ ע ר

כ׳האָב דיין צער אין מיין צער אַריינגענומען,
אין צער געבליבן בין איך אַליין.
פאַר דיר אפשר גליק נאָך וואו פאַראַן,
און איך וועל אַזוי איינזאַם פאַרגיין.
כ׳האָב דיין טרער מיט מיין טרער צונויפגעגאָסן,
אויסגעוויינט די לעצטע טרער אין מיר.
איצט בין איך איינזאַם געבליבן,
אַ בעטלערין שטיי איך ביי דיין טיר.

## און איצט

דיינע ליפּן האָבן מאָדנע אַזוי געציטערט —
האָסטו מיך געבענטשט, צי גאָר געשאָלטן?
אויף דיין קללה איז מיר ליב און טייער,
כ'האָב פאַרנומען אַלע דיינע רייד
כ'האָב אויף דיר מיט ליבשאַפט געקוקט,
ווען בין פאַרצערט געוואָרן פון ברויזנדן פייער,
בענקשאַפט האָט זיך אין מיין האַרץ אַריינגעשניטן,
און פאַרשאַרפט מיין געמיט דעם שווערן.
כ'האָב צוליב דיר מיין אייגן גליק אַוועקגעשאַרט
און איצט, מיט וואָס וועל איך מיין האַרץ דערנערן?

## פאַרחתמ׳עט

גורל׳ס בייזע האַנט האָט פאַר׳חתמ׳עט:
זיין ווי פרעמדע,
פרעמד און ווייט צעשיידט.
כ׳וועל אַרויפציען
שוואַרצן שלייער,
זיך זעצן שבעה
נאָך מיין פרייד.
שוואַרצע כמאַרעס ציען איבער מיין קאָפּ,
ס׳וועט די זון ניט שיינען
פאַר מיר מער,
פינצטער ווי אַ קבר
איז מיין הויז,
אין מיינע אויגן טריקנט
לעצטע טרער.

## צוויי לעבנס

האָסט דיין לעבן צעבראָכן,
און מיינס אויך צעפּיצלט.
קיין ברעקל געבליבן,
פון אמאָליקע פרייד.
נאָר וואָס זאָל איך רעדן?
און וואָס זאָל איך זאָגן?
צו וואָס אָט־די נאַרישע רייד.
האָסט דיין אייגענעם טיש
פאַרשעמט און פאַרשפּיגן
אוי, ווי שווער עס מוז זיין
דיין געוויסן.
ברעקלעך בלויז קלייבסטו
ביי אַנדערע טישן.
האָסט מיט אייגענע הענט
צוויי לעבנס צעריסן . . .

## כ׳האָב היינט געוויינט

כ׳האָב היינט געטראַכט פון דיר, ליבער,
געפילט דיין אָטעם, דיין בליק;
כ׳האָב היינט געטראַכט פון דיר, ליבער,
געטראַכט פון פאַרלוירן גליק.
כ׳האָב היינט גערעדט צו דיר, ליבער,
געקושט און געצערטלט דיין בילד.
כ׳האָב היינט גערעדט צו דיר, ליבער —
דיינע אויגן פאַר׳חלומ׳ט און מילד.
כ׳האָב היינט געטראַכט פון דיר, ליבער,
געזען דיך אַזוי איידל באַ׳חנ׳ט.
כ׳האָב היינט גערעדט צו דיר, ליבער,
כ׳האָב היינט געוויינט און געוויינט.

# אַ ראַנדעוואו

כ׳וויים ניט ווען עס וועט געשען,
מיר וועלן זיך אין גיכן זען —
אין דער לעצטער שעה . . .
כ׳האָב מיט דיר אַ ראַנדעוואו.

כ׳וועל זיך לאָזן אויף בלינדע וועגן,
צי וועסטו קומען מיר אַנטקעגן ?
ליבער מיינער דו,
כ׳האָב מיט דיר אַ ראַנדעוואו.

ס׳וועט קיין בן־אדם אונז ניט זען,
ס׳וועט קיין בייז־אויג ניט געשען;
דאָרט אין שטילער־רו
כ׳האָב מיט דיר אַ ראַנדעוואו.

וועסט דערקענען מיך, מיין אינגל;
אויף מיין האַנט דיין זילבער־רינגל.
אין רוים פון אייביק־רו
כ׳האָב מיט דיר אַ ראַנדעוואו.

## און אפשר גאָר ? . . .

אפשר האָט די זון ניט געשיינט;
די בלום האָט ניט געבליט,
און איך האָב ניט געשריבן
צו דיר מיין ליבע-ליד ?
און אפשר גאָר
איז גאָרנישט נישט געווען ?
די כוואַליעס האָבן ניט געמורמלט,
דער ים האָט ניט גערוישט;
דו האָסט מיך ניט געליבט —
און איך בין ניט אַנטוישט.
און אפשר גאָר . . . ?